רעדאקטער—ק ו ר ל י א נ ד
ליטקאָרעקטור—ק א מ ע נ ע צ ק י, אָ ל י נ
טעכרעדאקטער—ב ע ל ק י נ

אָפּגעגעבן אין דרוק 25/III 1934 י.
אונטערגעשריבן צום דרוק 13 IV 1934 י.

באשטעלונג 495. טיראזש 2500. גלאווליטבעל 915,

דרוקעריי א. נ. סטאלין.

# רוף פון ארבעטער-שלאָגלער אין דער ליטעראטור

האָסט, לאנד, מיך גערופֿן,
בין איך געקומען
ווי שטענדיק א גרייטע צום קאמף און צום זיג,
ס׳האָט שוין מײַן האמער ניט איינמאָל געוואונען,
גייט איצט מײַן פען זיך פארמעסטן אין קריג.

דו האָסט מיך גערופֿן,
בין איך געקומען
פארקריצן אין שורעס מײַן יעדן געדאנק;
פון פאסן, פון שקיוון, פון גוס, פון טשוהונען
וועט הײַנט זיך א גאָס טאָן א זודיק געזאנג.

איך בין א שלאָגלער, כ׳האָב ליב זיך צו שלאָגן
פאר אלץ, וואָס איז נייטיק מײַן קלאס און מײַן דאָר,
וועל איך מײַן הארטקײַט אין קונסט אויך פארטראָגן
מיט פעסטן, מיט מונטערן, וואָגיקן וואָרט.

כ׳וויל, אז מײַן קונסט זאָל זיך בויען פון צעמענט
פעסט ווי א מויער און וואָגיק ווי בלײַ,
כ׳וויל, אז מײַן וואָרט זאָל אן אָרט זיך פארנעמען
אין בויונג אין מײַנער, פון וועלכער איך שרײַב.

װעל איך הײַנט װערטער צעשטעלן און שלײַפֿן,
און פֿײַלן ביז צײַטיק װעט װערן מײַן װוּנטש,
אין אײן האנט א האמער, א פען—אין דער צװײטער,—
גײ איך הײַנט בױען מײַן לאנד און מײַן קונסט.

# בויונג

פערצן יאָרן זודיקע
לויפֿן דורך פֿארביי,
פערצן יאָרן זודיקע
שטייען אפֿ געביי,
פערצן יאָרן זודיקע
זאָגן אונדז הײַנט אָן: —
ס'וואקסט א לאנד,
א גרויסע לאנד
פֿון טראקטערס, פֿון בעטאָן.

ס'ראפּאָרטירט א לאנד אזוי געטריי,
ס'טראָגן זיך יעדיִעס ווי די שוואלבן:
— מיר פֿילן אויס דעם פּראָמפֿינפּלאן אין דריי!
— מיר האָבן אויסגעפֿילט אין צוויי א האלבע!

ס'ווארפֿט ארויס א לאָזונג די פּארטיי,
און ס'דרוקט זיך גלײַך דער לאָזונג אין מיליאָנען הערצער
איז גוט אזוי צו שטיין אין ריי
באם שמידן פֿינפֿהונדערט מיט אכצן
און טויזנט פֿערציק!

# מינסק

מינסק, מײַן מינסק, מײַן אלטער באָלשעוויק,
ס'טראָגט מיך הײַנט צו דיר א שנעלער צוג,
איך קוק אין שויב און גיס זיך אָן מיט גליק,
און ס'טאנצט אין מיר מײַן הארץ פון יערן קוק.

וואָלט איך ניט געוווסט דיך, כ'וואָלט דיך ניט דערקענט,
ביסט אויסגעוואקסן שטארק, ביסט אויסגעוואקסן גרויס,
און וויפל קוימענס נײַע שטייען דאָרט פארקעמט
מיט יונגינקע טשופּרינעס אינדערהויך.

מײַן פרייד איז גאנץ, מײַן אויג איז זאט,
און ס'שרײַט פון מיר מײַן פרייד ארויס:
מינסק, דו ביסט א יאַט!

מינסק, מײַן מינסק, מײַן אלטער באָלשעוויק,
איך קוק אף דיר, און ס'שווימט א יאָר ארויס.—
ניט אומזיסט האָט די פארטיי מיט יאָרן נאָך צוריק
דעם צוזאמענפאָר דעם ערשטן דיר פארטרויט.

# ביזן סאָפ פונעם פינפיאָר

געוועזן ביז איצט אין קלאמערן פארוואָרגן,
אפ אלעמאָל פארלאָזט די פולע מולטערס גרעט,—
איך האָב די הענט מײַנע מיט מונטערקײַט פארטראָגן
אין פאבריק פאר סאָצגעוועט.

ס׳קומט נאָר ווען ארופ, ווי אפ רישטאָוואניעס,
א ווייטעק פאר א דורכגעלאָזטן יאָר,—
דערפאר באוויַיזן זיך, ווי וויַיסע סטריגעוואניעס,
גרויע פעדעמלעך אין מײַנע האָר.

נאָר ווער קען טראכטן איצט פון דורכגעלאָזטן נעכטן,
ווער קען צולאָזן צו זיך די אלטע זאָרגן?
אז ס׳שטייט א היַינט א זודיקער אנטקעגן
און ס׳לאכט א שעפערישער מאָרגן.

איז דער טאָג איצט איינער פון די גרעסטע,
ס׳איז יעדער שאָ א טראָט אין אויסגעקעמפטן וואָר.
האָב איך זיך היַינט צו מײַן סטאנאָק פארפעסטיקט
ביזן סאָפ פונעם פינפיאָר.

1931 יאָר.

# באָברויסקער מעלוכישע ניי-פאבריק

פענצטער העל־באלויכטענע, ווי אויגנ קלאָרע פלאמיקע,
איר האָט היינט א ליכטיקייט צעצונדנ אינ מיינ בליק.
אָפגעווישט די שילדנ: „מענערישע, דאמעשע"
האָבנ דיינע פייערנ, ריזיקע פאבריק.

איכ קוק ווי א צעטומלטע, מיט אויגנ צוגעזשמורעטע,
אונ כ'ווער פארבלענדט פונ פייערנ,
פונ לויטערקייט,
פונ שיינ.
אונ פלוצלונג—עס דערמאָנענ זיכ
לעמפעלעכ אמאָליקע,
וואָס האָבנ אויגנ מיידלשע
געטונקלט אָנ א צייט.

איצט ציענ זיכ פאלאנגעסווייז
כעוורע—יאטנ פריילעכע
אפ וואכטעס אינדערפריִקע אינ זייער נייער היים.
דערמאָנענ זיכ מיר נייטערקעס
מיט רוקנס אויסגעבויגענע
פונ ארבעט פופצנשאָיִקער, אינ ווענט פונ נאסנ ליים.

1929 יאָר.

# שטאָלץ פֿון אַ מאַמען

(צום 1 טן צוזויפּלי פֿון פּיאָנערן)

כ׳טראָג שטאָלץ ווי אַ פֿאָן
מײַן מוטער־געוווס
אהינ צו דעם דאָר
צו דעם דריטן.
מיר ווילט זיך אײַך, קינדערלעך,
געבן אַ קוש
מיט מײַן ליד
ווי מיט מוטערשע ליפּן.

כ׳האָב געוואָלט מיט אײַך שמועסן,
ריידן פֿון יאָך,
פֿון צעבראָכענע לעבן פֿון שווערן,
נאָר ס׳וואגט ניט מײַן הארץ
הײַנט צו זאָגן אַ וואָרט,
וואָס זאָל פֿריידיקן יאָנטעוו צעשטערן.

אײַער מאָרגן איז פֿעסט,
ווי אַ שטאָלענע וואנט—
דער מאָרגן פֿון בויען און קעמפֿן;
ס׳האָט דער שארפֿער „סאַליוט“
פֿון דער קינדערשער האנט
צעבראָכן מײַן טרויער, דעם טעמפּן.

גיסט זיך פריידיק מײַן ליד
פון מײַן מוטערשער ברוסט,
איך גיי מיט אײַך, קינדער, צוזאמען;
איך האָב זיך דערוווּסט,
וואָס איז אזוינס שטאָלץ פון א מאמען.

1929 יאָר.

# מאָטיקס מאמע

ס׳טראָגט הײַנט מאָטיק אום א צײַטונג,
אלט איז מאָטיק זיבן יאָר,
פונדערווײַטן נאָך עס גלאנצן
מאָטיקס אויגעלעך און האָר.

וואָס זשע טראָגט ער אום די צײַטונג?
וואָס זשע היט ער מאָטיק דאָרט?
אפ א בילד שטייט עס זײַן מאמע
און זי דרייט דאָרט א מאָטאָר.

לויפט צו מאָטיק צו די קינדער:
גיט א קוק נאָר!
כעוורע!
עכ!
אונטן שטייט דאָ אָנגעשריבן
„בעסטע שלאָגלערן פון צעכ״.

און ס׳באפאלן אים די קינדער:
מאָטיק, ווײַז מיר!
מאָטיק—מיר!
ס׳איז פון צײַטונג שוין פארבליבן
א צעפליקטע שטיק פאפיר.

גיט א כאַפּ די צײַטונג קימא,
גיט א הייב זי,
כעוורע!
עכ!
אָטאָ שטייט דאָ אָנגעשריבנ—
„בעסטע שלאָגלערנ פונ צעכ".

כ'האָב א פּאָרשלאג! כ'האָב א פּאָרשלאג!
הייבט זשע, יאטנ, אופּ א האנט,—
מע זאָל דעם בילד פונ מאָטיקס מאמענ
אויסהענגענ דאָ אפּ דער וואנט.

ס'פינקלענ אויגלעכ, ס'פּאטשנ הענטלעכ:
גערעכס, אוואדע יאָ, גערעכט!
ס'דארפ באפּוצנ אונדזער צימער
די בעסטע שלאָגלערנ פונ צעכ.

אונ עס טאנצט שוינ אום א שערל
אונ א האמערל אינ האנט,
אינ איינ ריי מיט קלארע צעטקינ—
מאָטיקס מאמע אפּ דער וואנט.

1932 יאָר.

## צו די שנייעלעך

שנייעלעך, איר קלאָרינקע, שנייעלעך, איר פּראָסטיקע,
שפּרייט זיך איבער פעלדער, וועלדער, יאַם און טײַך,
פליט זשע, פליט זשע, קליינינקע,
גלײַך אהין קיין מאָסקעווע,
לאָזט אײַך וועג זיך, קלאָרינקע, כאָטש דער וועג איז ווײַט.

זעצט זיך דאָרט אנידער בײַ די ווענט פון קרעמל
און באדעקט מיט צאַרטקײַט דעם ליבן מאַוזאָליי,
א גערוס גיט איבער דאָרט דעם זיידע לענין
פון די קליינע קינדער, אז ער לעבט אין זיי.

א גערוס גיט איבער פון די קינדער דרייסטע,
קינדער, וועלכע וואַקסן צוזאַמען מיט געבײַ,
און מיר אַלע פילן, און מיר אַלע ווייסן,
אז דער זיידע לענין איז געווען אונדז טרײַ.

איז א גרויסער ווייטעק אונדז זיך צו דערמאָנען,
אז דער זיידע לענין איז מיט אונדז ניטאָ,
נאָר מיר הייבן העכער נאָך די רויטע פאָנען,
אין זײַן וועג מיר גייען אַלע קינדער דאָ.

1932 יאָר.



זאנגענ שווער־וואָגיקע
בייגנ זיך, הוידענ זיך,
זאנגענ שווער־וואָגיקע
סוידענ זיך, סוידענ זיך.

שעפטשענ פאמעלינקעס
איינער דעמ צווייטנ:
„מיר זײַנענ שוינ גרויסע באלד,
מיר זײַנענ שוינ גרייטע“.

יעטווידער זאנגעלע
פול איז מיט קערנדלעך,
יעטווידער קערנדל
פול איז מיט זעטיקײַט,
אונ מיר קינדערלעך,
פיאָנערנ מיר—
פול מיט טעטיקײַט,
פול מיט טעטיקײַט.

פיאָנערנ הײַנט
אינ פעלד פארמעסטנ זיך,
א פיאָנער בא אונדז
האָט פײַנט צו פעסטענ זיך.

העגט פאַרמאָגן מיר
דרייסטע, יונגינקע,
הענטלעך שטײַפינקע,
ניט פאַרדונגענע.

אונדזער שטײַפע האַנט,
אונדזער פרײַע מי —
אין העלפֿן אונדזער לאַנד
אין דער צײַט פון שניט.

וועלן איבערבלײַבן דאַן
פעלדער ליידיקע,
וועלן הערצער קינדערשע
קלאַפן פריידיקער.

# קינדער רויען

קינדער שפּילן, קינדער זשומען.
ניט קיין קינדער — דאַכט זיך, בלומען
בליִען דאָ באַם וואַלד און לוג.
קינדער רוען, קליינע קויען,
זאַפּן איין דעם סאָסנע־רויען,
ווי אין שול דעם לערנ־בוך.

ווייל איך דאָ מײַן קינד דערקאָנען,
טאַפּ איך מיטן בליק און קאָן ניט:
הונדערט קעפּלעך גלײַך געשאָרן,
ווי איין מאַמע ט'זיי געבאָרן,
הונדערט לײַבעלעך פאַרבראָנזעט,
נו, גיי פּרווו זיך און דערקאָן דאָ.

אַלע טישן אויסגעזעצטע.
זיץ איך שוין באַם טיש די לעצטע.
זיץ איך, קוק איך: עסן קינדער,
ציינדלעך כראָמשקען, מײַלכלעך זינגען.
און די בעקלעך, אויגלעך פלאַמען,
בענקען גאָרניט נאָך אַ מאַמען.

גײמ שוינ אָטאָ דער װאָזשאטער,
אלצ באזאָ־גט ער װי א טאטע.
זעט ער: עטװאָס ניט געראָטנ—
איז פארשרײבנ אינ בלאָקנאָטל,
אונ אפ מאָרגנ שוינ פארבעסערט.
ער װעט קײנ זאכ ניט פארגעסנ.

נאָכנ עסנ רוט מענ װידער,
נאָכדעמ שפּילט מענ, זינגט מענ לידער,
נאָכדעמ לײענט מענ א צײַטונג
אונ א קלונג—מע עסט שוינ װײַטער.

װײל איכ דאָ מײַנ קינד דערקאָנענ,
זוכ איכ, נישטער איכ אונ קאָנ ניט:
אלע פּענעמלעכ—זײ שײַנענ,
נו, גײ טרעפ דאָ: דײַנער—מײַנער.

קינדער מײַנע, פרײט זיכ, פרײט זיכ,
שטיפט זשע, קינדערלעכ, אונ דרײט זיכ,
נעמט מיכ אויכ אינ קרײַז ארײַנ,
כ'בינ א קינד הײַנט—ניט קײנ מאמע,
דאָ בא אײַכ, מיט אײַכ צוזאמענ,
שלאָגט פונ מיר א יונגע שײַנ.

פאר מײַנע יאָרנ ניט דערשפּילטע
הײַנט א הוליע טאָנ מיר װילט זיכ,
פאר מײַנע קינדער־יאָרנ פּוסטע.
כ'האָב פונ אָפּרו ניט געװוסט דאנ—
ניט געדײַגעט האָט דאנ קײנער
פאר די ארבעט־קינדער קלײנע.

ווײַל איך הײַנט אַ טאָג אַ גאַנצן
דאָ מיט אײַך זיך שפּילן, טאַנצן,
ווײַל איך באָדן מײַנע אויגן
אין די יונגע קלאָרע פרײדן.

כ'ווײַל מײַן פרײד פאַרטראָגן ווײַטער.
אַ געשרײ טאָן: „הײ, ווו זײַט איר,
די, וואָס העצן, די, וואָס בילן?
גיט אַ קוק, ווי קינדער שפּילן".

קינדער רוען, זאַמלען קויכן,
זאַפּן אײַן דעם סאָסנע־רויך.
אָפּרו-הײַזער און קוראָרטן,
קומען קינדער פריש פון דאָרטן,
לאַגערן פון פּיאָנערן,
וואָג באַקומען קינדער מערער.

שמידט אַ דאַר זיך אַ געזונטער,
וואַקסט ער פרײלעך שטײַף און מונטער.
וואַקסן רויטע קאַדרעוויקעס,
וואַקסן פעסטע באָלשעוויקעס.

# א וויג־ליד

אליע־ליו־ליו, שלאָף, מײַן קינד,
שלאָף, מײַן קינד, מײַן טרײַע,
ס׳וועלן הײַנט דיך אײַנוויגן
לידער מײַנע נײַע.

כ׳וועל דיר הײַנט ניט זינגען מער
פון טפּיסעס און פון קייטן,
ס׳וועט זיך ציִען הײַנט מײַן ליד —
פעדעמער פון פריידן.

כ׳וועל דיר מער ניט זינגען דאָ
פונעם יאָך פון שווערן, —
איך וועל זינגען בא דײַן וויג
דעם מאַרש פון פּיאָנערן.

ווערסט ניט האָדעווען זיך מער
אין כיידער הינטער הרובע,
ס׳וועלן האָדעווען דיך הײַנט
די שולן און די קלובן.

כ׳קען נאָך הײַנט ניט געבן דיר
קײן צוקערקעלעך און פלאָדן,
נאָר װאַקסן װעסט אַ טרײַע קינד
פאַר פעלדער און זאַװאָדן.

ס׳װעט נאָך אױסקומען דיך קעמפן,
קעמפן ביזן זיג,
שלאָף, מײַן ייִנגעלע, מײַן קלײנער,
שלאָף, מײַן באָלשעװיק!

1931 יאָר.

## צום אכטן מארט

אויסגעקריצט די הענט מיט גינציקע מאזאָליעס,
די אויגן אָנגעפילט מיט העלן שײַן פון זיג,
קומען פרויען טויזנטער, ברענגען זיי מאטאָנעס
אפ בויען אונדזער לאנד, אפ בויען אונדזער גליק.

נאט אײַך אָפּ פון האלדז די גאָלדגעשמידטע קייטן,
וואָס האָבן יאָרנלאנג געבינדן אונדזער גײַסט,—
געשטיקט אין אונדז געפילן, געטויט אין אונדז דעם ווילן,
נאט אײַך זיי די קייטן, נעמט זיי און צערײַסט.

אוירינגלעך און פינגערלעך, לײַכטער, סאמאָווארן,
דעם קידוש-בעכער און פון פיש די פאן,
נעמט זיי, נעמט זיי צו, כאווײַרים קאָמונארן,
און זאָל עס זײַן צושטײַער אפ שטארקן אונדזער לאנד.

מיר גייען שטאָלץ אהין, אהין ווו ס'הילכן טראקטערס,
ווו ריזיקע מאשינעס וועבן העלן גליק,—
קומען מיר אהין,—מיר, פרויען פראָלעטארקעס,
מיר גייען נים צוריק.

1929 יאָר.

# באָמ קייווער פון קלאָרע צעטקין

1

ניט קיינ ווינטנ יאָגנ,
ניט עס רוישנביימער,
עס רוישנ דויטע מאַכנעס
אינ זאַל פונ די פּאַרייַנע.

2

קאָלאָנע נאָך קאָלאָנע
די קעפּ אַראָפּגעבויגנ,
מענ גייט צומ פּלאַץ צומ רויטנ
מיט שטילקייַט אינ די אויגנ.

3

אונדזער קלאָרע צעטקינ,
אונדזער בעסטער קעמפער,
האָט אונדז שטומ באַגעגנט
אונ האָט אונדז ניט געענטפערט.

4

איז דער ווייַ א טיפער,
איז דער ווייַ א שאַרפער,
נאָר מע וועט ניט וויינענ,
מע קענ ניט אונ מע דאַרפ ניט.

5

בעסטע פראָלעטאַריער
נאָך דײַן טויטן קערפּער,
בעסטע פראָלעטאַריער
האָסט אײַן זיך פאַרקערפּערט.

6

אין הערצער פון מיליאָנען,
פון טויזנטער מיליאָנען
וועט וואַקסן און וועט בליִען
דײַן אופריכטיקער נאָמען.

7

דוכט זיך אונדז, דו שלאָפסט נאָר,
וועסט אופכאַפּן זיך ווידער, —
אַפ בערלינער גאַסן
גייסטו אין מערידע...

8

גלוסט זיך צוגיין נאָענט,
ס'ווילט זיך שטיל א וועק טאָן
אונדזער פרײַנט און קעמפער,
אונדזער קלאָרע צעטקין.

25 יונ, 1933.

# א טאָג אין פעלד

פון מעזשעס פון צעאקערטע אויסגעיעט די גראָזן,
צעוואָרפן איבער פעלדער פעטע סקירדעס מיסט,
זײַנען מיר שוין זיכער—מיר האָבן ניט אומזיסט
א טאָג אין פעלד געלאָזן.

זײַנען הענט פארברוינט, ווי פריש געבאקטע ברויטן,
מיר קערן זיך פון פעלדער—א פריילעכע בריגאדע...
אין קומענדיקן רו־טאָג וועלן מיר אוואדע
ווידעראמאָל אויסיעטן העקטארן פארזייטע.

בריגאדע נאָך בריגאדע. מע רעדט ניט, נאָר מע טוט שוין.
„פונוואנען א בריגאדע?"—„פון פאריין פון בילדרונג!"
מיר זײַנען אלע גרייט צו אויסיעטן די ווילדקײַט,
וואָס האָט זיך דאָ צעלאָזן די פעלדער צו פארהלושען.

יאָר. 1931

## מיר פּראָטעסטירן

ס'ווערן בלייך געשיכטעס פון צארישער אָכראנקע,
בלייך די אינקוויזיציע פון מיטלאלטער־צײַט,
עס האָבן די טאליאָנים
פון לוצק,
קאראנאָוו,
ווראנעק
געשלאָגן הײַנט רעקאָרד אין ווילדקײַטן פארשײַט.

ס'ווארפט זיך הײַנט די צײַטונג אין מײַן האנט מיט פיבער
יעדער וואָרט—א וויטעק, א זשאלע פון א בין,—
ברידער, קאָמונארן, אויסגעדרייטע גלידער,
דורכן נאָז געגאָסן זודיקן אורין...

ניין, איך קען אין צימער הײַנט אליין ניט זיצן,
ענג זײַנען די ווענט מיר, ענג בא מיר אין שטוב,
ס'דריקן זיך די פויסטן און די ציינער קריצן,
און די פיס, זיי טרעטן הארט אהין—אין קלוב!

ס'האָט זיך הײַנט דער מיטינג שפּעט בא אונדז פאַרצויגן,
נאָר עס האָט די שפּעטקײַט קײנעם ניט געאַרט,
ברענענדיק און שאַרף בא יעדערן די אויגן,
און אין שטאָל געשמידט בא יעדערן דאָס האַרץ.

שטעלט זיך אָפּ, טאַליאַנים, שטעלט זיך אָפּ, איר הענקער
ס'שרעקט אונדז ניט דער ווייטעק פון ברודערישן וויי,—
מיט בלוט פון קאָמונאַרן וועט איר ניט פאַרשווענקען
די שאָ פון אײַער אומקום, דעם טאָג פון אײַער טויט!

# ערשטער מײַ

ס'פארקויפנ כאוויירימ הײַנט בלימעלעכ רויטע,
קויפ איכ א בלימל, קויפ איכ א צווייטע;—
בלימעלעכ קוויטלעכ, איר וואַרעמט מײַנ ברוסט,
כ'וואָלט זיכ ניט שעמענ, וואָלט איכ אײַכ צעקושט.

א טאָג, אָט אזא איז שוינ שווער צו פארשווײַגנ,
ס'רעדט וועגנ אימ דעמ ארבעטערס שטימ,
ס'ריידנ פונ אימ אפ די ביימער די צווײַגנ,
אונ גרעזועלעכ שפראָצנ אונ ריידנ פונ אימ.

# צו מײַן ברודער דעם רויטארמייער

ביסט ייִנגער פון מיר
אפּ גאנצע צוועלף יאָר,
בין איך דיר, מײַן ברודער, מעקאנע;
איך זע די צוועלף יאָר
אזוי ליכטיק און קלאָר,
אין לאנד פון צענומענע צאמען.

ביסט געקומען צו גיין
אין דער רויטער ארמיי
ניט מיט קיין יאָך אפּ דײַן פּלייצע;
ביסט געקומען א העלד
פון ווײַסרוסישן פעלד,
א געזונטער, א יונגער, א דרייסטער.

האָסט מיט זיך געבראכט
הענט געגרייטע צום שלאכט,
א שטאָלענע הארץ קעגן סוינע;
האָסט פארטראָגן אין פאָלק,
אין רויטארמייִשן פאָלק
דײַנע יונגע און קרעפטיקע ביינער.

– – – – – – – – –

איבער גאסן איך גיי,
ס׳גייט די רויטע ארמיי.
דײַנע טריט הער איך אויך דאָרטן קלינגען;
כאַפּ איך אונטער די טריט
ווי דעם ריטם פון ליד,
און ווער אַפּ אַ ווײַלע אויך ייִנגער.

ווײַל איך אויך גיין אין ריי
מיט דער רויטער ארמיי
און באַגריסן די גרעסטע פון וועלטן;
באַגריסן די זיג
פונעם צעך און מאַשין,
באַגריסן בודיאָנאָווער העלדן.

1931 יאָר.

# אין וועג

מײַן ליד איז געוועבט ניט פון טרוימען,
פון פאַלשע, פון זיסינקע רייד,
מײַן ליד איז אַן אופגאַנג פון זוימען,
דערנערטע דורך זאַפטן פון פרייד.

כ'האָב געשטומט און כ'וואָלט בלײַבן פאַרשוויגן,
פאַרגליווערט וואָלט ווערן מײַן וואָרט,
מײַן ליד איז געבאָרן דורך זיגן
פון מײַן לאַנד, מײַן פּאַרטיי און מײַן דאָר.

און דערפאַר שטראָמט זי שטענדיק אַנטקעגן
אונדזער אַלעמענס זיגרײַכן הײַנט,
ווו ס'איז יעטווידער שאָ אונדז אַ לערער,
ווו ס'איז יעטווידער שאָ אונדז אַ פרײַנט.

געווען בין איך איינע פון יענע,
וועלכע האָבן פון גליק ניט געוווּסט,
דערפאַר איז נאָך איצטער מײַן פּענע
אַזוי אָרעם און שוואַך נאָך אין קונסט.

נאָר ניטאָ איז קיין אָרט הײַנט פאַר טרויער,
איך וויל הײַנט ניט קוקן צוריק,
ווען ס'פאָדערט דאָס לאַנד מאַגניטבויען,
ווען ס'פאָדערט דאָס לאַנד טעכניק.

דאַרף מען די קוּיכעס פֿאַרשטײַפֿן,
איך װער אַפֿ אַ האָר נאָך ניט מיד,
געװיס—ס'װעט מײַן קאָפּ נאָך באַגרײַפֿן
די קונסט װי צו בויען אַ ליד.

און דערװײַל מיט מײַן פּרוּװ מיט מײַן ערשטן
גיי איך אַרויס הײַנט אין װעג—
איך װיל נאָך דערגרייכן צו װערט זײַן
באַזינגען די העלדישע טעג.

# אינהאלט